כלל־ביבליאָטעק

קולבאַק

# לידער




כלל־פאַרלאַג
בערלין, 1922־תרפ״ב

KLAL-VERLAG / BERLIN SW 68 / MARKGRAFENSTR. 7

Printed in Germany.

געזעהן האָב איך יידישע ווערטער, ווי פייערלאַך קליינע, ווי פייערלאַך קליינע,
ווי פונקען, געצויגן פון פינסטערן ארץ.
געפילט האָב איך יידישע ווערטער, ווי טייבעלאַך ריינע, ווי טייבעלאַך ריינע,
די טייבעלאַך וואָרקען און וואָרקען אין הארץ...



# אָוונט־בלוי

דאָ אין שאָטן פֿאַרבאָרגן
רוה איך ביז מאָרגן...
י. ל. פּרץ.

ווער גייט אין סאַד אַצינד, ווער גייט?..
ניטאָ דאָס וואָרט, וואָס זאָל דעם סוד פאַרזיגלען,
ניטאָ די האַנט, וואָס זאָל די טיר פאַררינגלען
שטילערהייט...

פלים אדורך די לאָדן, נאַכט, פון וואַלד און פליין,
עס רוהט מיין קאָפּ פאַרבראָכן אויפן טיש,
ס'איז איצט די גאָרע וועלט אַ ציטעריג געמיש
פון קלאַנגען שטילע און באַהאַלטענעם געוויין...

עס בעט דער סאָד אַצינד, עס רינט דער טוי,
עס זינגט דער פאַרבן-קלאַנג פון שוואַרץ און בלוי,
עס שווימט דאָס לעצטע ליד פון מערב-ראַנד,
עס קוועלט דער טרויער נאָכאַנאַנד...

10928

*

# אַ לְבָנָה־נאַכט.

ס׳איז אויסגעלבנהוועט, רוהיג אין חשוון אַ נאַכט — —
ווייך, צווישן די זייד-שוואַרצע שוועסטער, אַ ווייסע
שלייכט זילבערדיג-זאַכט
אין חשוון אַ נאַכט.
ריין הילכעדיג גליווערט דאָס לאַנד אויף פאַרחלומטע מיילן.
אַ מירמלנער שלאָס. ס׳רינט דאָס בלאַנקעניש מאַט אויף
די זיילן.
ס׳שטווינט דער חלל דער קאַלטער, פאַרשלינגענדיג
בלאַנדזשענדע קולות.
און ס׳ריִרט זיך אַ וויבינקעס גלעקעלע הויך אין די
קופּלען פון תכלת,
צעגייט זיך אַלץ איינזאַמער, ווייכער און רירט זיי קוים
ציטערדיג אָן,
און רירט זיי קוים ציטערדיג אָן:
גלין, גלין, גלאָן.

חשוון ג׳, מינסק.

❦

אפשר זינג איך...
עס רירט זיך אַ זיידנס אין האַרצן,
עס רינט אַ ציטערדיגעס טיף אין בלוט.
גיין... איך ווייס ניט... יאָ... אַ שכינה קומט אין שוואַרצן,
שלייכט אין צימער מיט דעם אָוונט-גלוט — —
אפשר זינג איך?!..

כ'נעם דאָס תהילימל; אין זילבערן געבונדן —
דאַוונען, קערן בלעטעלאַך... די שעה פון רחמים קומט —
עס לעשט די נאַכט, וואָס ס'האָט דער טאָג געצונדן.
שטילער... עפּעס רירט זיך — — — אָ — אָ — אָ... אַ
גיגון ברומט...
אפשר זינג איך!..

*

געזאַנגען אומקלאָרע... דיין שטאַר אויג קאָן געפינען
נאָר קאַלטע ווערטער איינגעפּאַסטע זיכער; —
מיר לייכט דאָס ציטריג וואָרט, ווי פּערל-טוי באַגינען,
אויף בלעטער ליכטיגע פון ביכער.

איך האָב געליבט די העלסטע זעל פון פרויען,
(און אפשר האָב איך זי אליין באַשאַפן?...)
נאָר כ׳האָב איר הייליגקייט געמוזט פארטרויען
די ריין געשליפענע, געשניצטע טראַפן.

די מירמל-וואָלקנדלאַך (אין הארץ פון דיכטער)
פון היים-לאַנד שווימענדע אין פרעמדע ערטער...
איך בענש אייך, וואָגלענדע, איך צינד אייך ליכטער: —
די קלאָר-קריסטאַלענע, צעשטראַלטע ווערטער...

*

דער נאכט-געוועלב איז אויסגעגאָסן קאַלט און רונד
דער שטאָט ארום.
פאַמעליך בלוטיגט שטיל און שווער מיין פרישע וואונד,
דאָך בלייב איך שטום.

א פרעסטל הילכט. צוזאמען מיט דעם פלויען רוים
טרינק איך די קעלט.
און כ׳שווייג. פארשלאָסן אין די הייל׳ן פון מיין טרוים
אין איינגעוועלט...

*

דאָס רעגנדל טריפט
אזוי פינקלענדיג־פיין,
גאָט האָט געהייסן
אונז קינדערלאַך זיין...
שטילינקע מיין!

פון פרישן און ווארעמען
בערגעלע מיסט
דאָס הענדעלע וויים
האָט אונז ביידן באגריסט,
און ס׳האָט אים דאָס ריטשקעלע
איבערגעמישט...

— אמאָל איז געוועזן
אַ שעפסעלע שיין,
אַ שעפסעלע קליין,
איז עס געוועזן
אַליין און אַליין...
ס׳איז אמת צי ניין?

„נײַן“.

— איז עס געװעזן
אַ ציגעלע קלאָר
מיט גילדערנע גלעקעלעך,
גילדערנע האָר...

„פּרישינקע גלעקעלעך*)
ליב איך ביז גאָר!“...

— עופּעלע, װײסט נישט װאו אױס
און װאו אײַן,
גאָט האָט געהײסן
אונז, קינדערלעך זײַן...
שטילינקע מײַן...

*

*) מײַ-גלעקלעך.

# מִנְחָה.

אין דיינע צימערן איז רוהיג, שטיל אַזוי, מיין קינד,
דאָס בלוי רינט אויף דער ערד פון אַלע הימלען וואַרעם-
לינד,
די זון איז היינט פאַרגאַנגען אָהן געשרייען. און די
טונקעלע געשטאַלטן
אויף די גאַסן — האָט זיך איטליכער אין הויז, זיין הויז
באַהאַלטן.
און איך איינער. און מיין וועג פירט תמיד דאָך, דו
איינציגע, צו דיר,
כ'לייד מיד פון גיפטיג-שטילער פּראַכט, וואָס וויט פון
דיין געשטאַלט אויף מיר.
אויף מיר...
די אומרייפע חלומות צערן אוים דאָס ריינע ליכט פון זעלע,
און כ'וויל דאָך גאָלדיג גיין אויף שטרעקעס טוי-באַגאָסענע
און העלע,
און כ'וויל דאָך גאָלדיג גיין...
אין די פיר איילן זיין, וואו ס'לייכט דיין טרויעריגער חן,
דאָס ריין געזאַנג פון דיין געמיט-ליד, בעת עס וועבט זיך,
קוים-קוים פילן,

ווען דאָס בלוי ווי איצט זאָל גיסן זיך אין הויז, זאָל זינגען
שטיל און שטילן
שטיל דעם ווידוי-וויי, וואָס שטראָפט דאָס יונגע האַרץ
פאַר זיינע זינד...

אַזוי, מיין קינד,
איך האָב געשוולדיגט פיל, ניט וויסנדיג, אָ, וואָס איך טו.
איצט וויל איך תשובה טון און אויסבעטן פאַר זיך
אַביסל רוה,

איצט וויל איך תשובה טון...
די מנחה-שעה איז נאָהענט. עלנט ליגט די וועלט,
פאַרלאָזן פון דער זון...
ס'איז בלוי און בלוי. עס שימערט נאָר אין דיינע צימערן
א בלאַסע דינע שיין.
ווען ס'עפנען זיך די טויערן פון הימל, זאָל דיין ווייכע-
ווייכע האַנט אין מיינער זיין.
מיד פון אומקלאָרע געזאַנגען, לאָמיר שפּינען די אַנט-
פּלעקונגען פון אויבן,
איינדרעמלען און גלויבן, גלויבן, גלויבן...

*

א שטיל געזאַנג אין אָוונט-בלוי... ס'איז דאָ אַ שעה...
דעמאָלט שווימען בלויע שיפן אין דער וועלט,
דעמאָלט ווערן אויגן לויטער אויסגעהעלט,
און ס'איז די וועלט פאַראַן און ס'איז די וועלט ניטאָ.

דעמאָלט פאַלן שטילע ווערטער, שטילע תפילה-רייד:
ס'לייכט די זעלע אויסגעלייטערט פון דער טונקלער שייד.
שטיל. עס הייליגט זיך דאָס לעבן ציטעריג אומעטום.

פֿינסטער-מיד אין פרעמדע לענדער גייט אַ מענש אַרום...

*

ס'לייכט ליכטיג-לינד דיין זעל אין העלן וויי,
ס'איז ריין דיין קעלעכל, ווי שניי, ווי שניי...
דיין אָפּבילד רייניגט אונזער שטילער הויז,
דיין נאָמען שיינט צו מיר און לייזט מיך אויס,
איך בעט דיך, ליבינקע, צו יעדער צייט:
נאַכסאָל ביסטו, מיין קינד, געפלויגן ווייט?!

מיך רופט דיין זעלע-רוה, וואו כ׳שטיי און גיי,
ס׳איז וויים דיין קעלעכל, ווי שניי, ווי שניי...
וואו ביסטו, קינד דו מיינס? דו מוזט דאָך זיין —
דיין חלום הייליגט מיך און שלעפערט איין.
איך גיי אין לעבן אום ביים זייט, ביים זייט...
נאַכסאָל ביסטו, מיין קינד, געפלויגן ווייט?!

ווער וויים, וואָס וויים דער ווינט אין לאָד אַזוי,
ס׳איז ווייך דיין קעלעכל, ווי שניי, ווי שניי...
עס וועבט אַ ווייסע מויב אַ ליב געוועב
אויף אונזער שטילער הויז, אַוואו איך לעב.
איך זיץ און כ׳רוף צו דיר אין פינסטערקייט:
נאַכסאָל ביסטו, מיין קינד, געפלויגן ווייט?!

*

## זון-פאַרגאַנג.

דאָ, און אום, און אויס, און איין,
ראָזער, רויטער, ריינער ווייך,
שיין, שיין, שיין,
איך בין אין שיין אַריין.

פון דער שטילער מערב-וועלט
האָט דאָס רויטנס אויסגעקוועלט,
ווייך און ציטערדיג אַזוי,
אין נשמות אָפּגעשיינט
און אַ הויב געגעבן זיי
מיט דער גאַנצער גרינגער וועלט
און געלאָזן זיך אַוואו — — —

שווימט דאָס לעבן אויסגעהעלט,
רוהיג, רוהיגער פון רוה,
שווים איך, שווים איך, שווים איך מיט
מיט מיין ריין און ראָז געמיט
און איך מורמל עפּעס שטיל,
כ׳זינג אַ לידעלע אַזאַ:
טאַ-טאַ-טאַ, טאַ-טאַ-טאַ,
ציל, ציל, ציל — — —

דאָ, און אום, און אויס, און איין,
ראָזער, רויטער, ריינער ווין,
שיין, שיין, שיין,
איך בין אין שיין אַריין.



װעלט!
אין טויזנט פנימער פֿאַרשטעלט,
איך גיי צו דיר אויף טויזנט װעגן —
װאוהין? איך װײס ניט װאו...
איך װיל אײנגאַנצן דיך פֿאַר מײנעטװעגן,
איך בין דו!
דער פֿרישער רוף
פֿון דײנע זאַפטיק-רויע פֿלײנען
רינט טיף אין מײן געמיט;
איך װיל אַרומנעמען דײן מעכטיק-װילדן גוף
פֿון פֿלאַנצן
און געשטײנען
און פֿאַלנדיק צעקושן דײנע טריט,
און האָבן דיך אײנגאַנצן.

װעלט!
איך גיי אַ שיכּורער דײן גוטס אַנטקעגן,
פֿון אַליץ זיך אויסגעטאָן,
און הפקרדיק, מיט זיך,

צעשטראַלט, צעהעלט, —
איך גיי אויף דיינע טויזנט וועגן,
דו ביסט איך!
דער שיין פון צייטן
אין קערפּערס שווערע אַ פּאַרפרעסטער,
ווי אַלטער ווייַן אין ליימענעם געשיר,
פליִיצט קלינגעוודיג פון טיפן און פון וויַיטן.

אַ לויטער-ברויזנדער אָרקעסטער
האָט אויסגעקוועלט
און ברויזט אין מיר.

וועלט!
איך וויל צעגאַנגען זיין אין טיפן ניגון,
פון הויט און ביינער
אויסגעטאָן,
זיך ציטערדיג צעווייגן —
אַ לויכטנדיגער טאָן,
כאָטש כ'מעג אַ שטיין פון דיינע שטיינער
אויף אַ בית-עולם ליגן...

יאַנואַר 1920.

*

ס'האָט אויפגעשוימט אין מיר דער אַלטער ווײַן,
פון גרונט ביז גרונט,
עס שפּריצט מײַן פרייד, פון טויזנט קוואַלן שטראָמט
דער שײַן
אַדורכן אויסגעפּראַלטן שפּונט...

איך שלינג די מידע וועלט, דעם מענש מיט האַק און פּאַק,
און מיט זײַן גאַל און טויבן-בליק,
כ'בין זון, כ'בין טוי. כ'גיי אום אַ דעמב אין פּראַק.
איך בין דאָס גליק.

דאָס שפּראָדלענדע געזאַנג פון ווערן, וועלן זײַן
פון מיר האָט אויסגעהעלט;
ס'האָט אויפגעוווירט אין מיר דער אַלטער ווײַן,
כ'בין שיכּור פון דער וועלט!

*

עס זויפט דאָס הארץ דײַן שוואַרצע שײַן
און רײַסט זיך ווי אַ וואָלף פון שטייג,
נאָר ס'איז מײַן צונג געלײמט פון פּײַן,
און כ'שווייג.

איך שווייג... דער פלאַם פאַרשליסט דאָס מויל,
נאָר זיי מיר מוחל פאַר דער שעה,
ווען אין אַ פייערדיגן קנויל
מיר וואַלגערן זיך דאָ.

זיי ווייסן! כ'בין אַ זון פון די,
וואָס צינדן שטעט און בלענדן און פאַרסמען,
וואָס ליבן נאָר דעם אינדערפריה
און ליבן פלאַמען...

*

איך בין אַרויס אין אדר-פעלד מיט שוואַרצער ערד זיך נערן.
דאָס לעפלעך גאָלד האָט זיך צעשפּריצט פון טיפן בלוי,
ווי לינדע טרערן,
דער שניי, ווי טיבער וואָלענע, האָט קראַנק געעטעמט
אין די קילע טאָלן,
און ס'האָט דאָס פעלד געמורמלט פון זיין שלאָף און
טיפערהיים געקוואָלן...

איך האָב זיך צוגעהערט צום טראָפּן-פאַל מיט אַ פאַר-
באָרגנעם ציטער:
עס טוט זיך וואָס אין פרייד. עס שעפּן זאַפט די נאַקעט-
פּעטשע ריטער;

בעריאָזקעס האָבן עפּעס מיפּע גוטס פון זיך אַרויסצוזאָגן;
און שווערע דעמבעס קעכלען זיך: די אַלטע ביינער דאָך
דערטראָגן!
רוהיג שלעפערן די גרינע נעסט-שטיבלאַך אויף הויכע
בוימער,
מיט פויגל-מיסט פאַרפלעקטע... ס'בלויט. ס'ווערט גרינגער
און גערוימער,
ס'קוועלט מיט קנאָספּן שיכּורע, מיט פייכטער ערד און
רויע צווייגן,
ס'פליעסקעט זיך דאָס פרילינגס-גאָלד אין האַרץ, אַז
ס'גלוסט זיך שווייגן...

*

וואָס מיר שטאַרבן, ווען מיר שטאַרבן!
ס'איז אַ שפּריצעניש
פון פאַרבן.
ס'איז אַ בייט: —
פרייד אויף קלעמעניש
פון לעבן,
ס'איז אַ נעמעניש
און געבן
אין דער צייט...

*

## צווישן פעלדער.

באגינען, אין וועג, צווישן פעלדער.
א ביס פון דעם ברייטל — דעם הונגער געזעטיגט.
און ווייטער געאיילט זיך אין וועג.
איך האב קיינמאל צו גארנישט פארשפעטיגט.

גוט, אזוי גוט איז צו זיין אונטערוועגנס,
אט גלאט אין דער וועלט אריין שפאנען און שפאנען
סיי שבת, סיי וואך צווישן פעלדער און וועגן,
דו ווייסט ניט וואוהין און דו ווייסט ניט פון וואנען.

און טרעפסטו א פויער אן אלטינקען ערגעץ,
באקלאגסטו זיך אים אויף דעם מזל פון מענשן:
„טשי טשוויעש, מאנילע, זיי עסן כסדר,
און מיר — איך און דו — דארפן בענשן"...

נאר ס'ענטפערט דער פויער: „עך, דוריען, טי דורען,
וואס איז ער, דער מענש? — א צעבראכענער שארבן!
זיי פוצן די שטיוול און טראגן די שניפסלאך,
נאר סוף כל סוף מוז מען דאך שטארבן".

„העי בייקעס, ברודער, בייקעס", —
ענטפער איך שוין מיט התלהבות, —
„שעם זיך, כ'לעבן, בראַט מאַנילע,
הער זיך איין צו דעם אַרומעט
אויף טשיקאַוועס;
ס'טראַלאַלאַיקען באַלאַלאַיקעס
אין די דערפער אין די שטילע,
דאָך איז עפּעס אַזאַ אומעט!
עך! ס'איז עפּעס אַזאַ אומעט...

גייסט און גייסט,
פרעג דיך ווען און פרעג דיך וואו,
אַרום דערפער, אַרום שטעט,
און דו ווייסט ניט, און דו ווייסט,
ווער ביסטו און וואָס ביסטו...
אויף דער גרויסער, רויער ערד
פיטערט מען זיך אָט אַזוי,
ווי בהמות און ווי פערד
און מען וואַקסט מיט יעדן טוי...

ס׳טרעפט — מען נעכטיגט אין א שייער
סתם אזוי אויף לייטס באראט,
פלוצלינג ווערט דיר עפעס טייער,
ס׳מאכט ניט אויס,
צי דער טייוול אָדער גאָט.
גייסט ארויס: —
ס׳אר א הייליגער באגינען!
ראָז און ראָז און מער ניט ראָז
סיי די שווארצערד, סיי דאָס גראָז...
פאלסט צו צו רויער ערד;
ווערסט פארשיכורט פונם מיסט,
פונם זאפט, וואָס פליסט
און יערט,
און שרייסט אויס פון גאנצער ברוסט:
ס׳איז א וועלט אזא פאראן!
און איך, דער נאר, האָב ניט געוואוסט"...

1919.

*

# די חתונה.

(פאָלקסמאָטיוו).

I.

דאָס שטיבל האָט מען אויסגעקאַלכט
און ריין געמאַכט די דילן;
עס קומען באַלד מחותנתטעס
און קלעזמער וועלן שפּילן.

מיין חתן איז א יונגערמאַן
פון גרויס-מדינה פּוילן;
זיין בליק איז הייס, ער ברענט און גליהט,
ווי פייער גליהט אויף קוילן.

נאָר ער איז יונג אַזוי און בלאַס,
ער קושט מיך שטיל אין שטערן,
ער גלעט מיין האַנט און שמייכלט מיר,
די אויגן גיסן טרערן...

.II

דער טאטע האט אװעקגעשיקט
צום פעטער שמואל-יאשען;
צום מילנער אויף לוהאװיער שליאך,
צו בערלען און צו שאשען:

זיין טאכטער איז שוין כלה-מויד —
װאס ס'דארף זיין, איז געװארן! —
זיי זאלן שפאנען גלייך די פערד
און קומען באלד צו פארן.

למען השם, למען השם
זאל קומען פעטער יאשע, —
דער חתן איז אן אויסנאם-זאך
און ט'זאגן אונז א דרשה...

.III

די מאמע זאגט: די פורן קומען —
קרובים, גוטע געסט,
אין אנגעפאקטע װעגענער
װי פייגלאך אין א נעסט...

מען טראָגט די טאָרטן, איינגעמאַכטס,
די פולע פלעשער וויין,
די בראַנפנס, קערב מיט האָב און גוטס,
און גרויסער שטוב אַריין.

.IV

איי, כאָדאָראָם און כאָדאָראָם
און בים-באָם-בום...
עס טאַנצן די מחותנתטעס
אַרום און אַרום;
בערל כאַפּט דעם חתנס קיטקע
און ער טאַנצט מיט איר;
באַשע טאַנצט אין קרינאָלינע
סאַמע בײַ דער טיר.
איי, לעבעדיג און האָפּערדיג
און לעבעדיג און פריי...
איי, מען פירט די חתן-כלה!
איי! איי! איי!

V.

דערלאַנגט אַהער די קאַרפּן-קעפּ,
די שלייען און די הינער-זופּ
די העלזלאַך פון די טשאָלענט-טעפּ,
און זוי-געלעבט זאָל זיין!...

מען לעבט נאָר איין מאָל אויף דער וועלט...
אַי, אָרע-צרה, קום אַהער,
וואָס האָסטו זיך אַוועקגעשטעלט,
אָט נעם אין מויל אַריין!

יויך צו פולע שיסעלאַך,
און משקה אויך צו קאַפּעלאַך,
צו קאַפּעלאַך, צו ביסעלאַך,
און נעמט זיך אָן מיט מוט!

וואָס שטייט איר דאָ אין קופּקעלאַך?!...
אָט נעמט זיך צו די צימעסלאַך,
די קוגלען און די פּופּקעלאַך —
און זאָל אונז גיין נאָר גוט!...

.VI

די כלה זיצט א פריילעכע
באַם חתנס טיש אַליין...
אָ, כלה-קרוין! וואָס טוסטו, וואָס...
פאַר לייטן איז ניט שיין...

זיי זיצן, ווי די טייבעלאַך,
און ריידן נאָכאַנאַנד...
אָ, כלה-קרוין, מיר זעהען דאָך, —
דו גלעטס דעם חתנס האַנט...

א לאַנגען, לאַנגען סיוון-טאָג
האָט אָפּגעפּאַסט די פּאָר;
דער אויבערשטער זאָל צושיקן
זיי מזלדיגע יאָר...

דער חתן איז א שוואַכעס קינד,
איז אומעטיג און בלאַס,
א קליינינקייט! א בקי זיין
אין פוסקים און אין ש"ס...

דער אויבערשטער זאָל העלפן זיי,
ווי כ'ווינטש זיך נאָר אַליין,
מיט קינדער — יידן ערליכע,
מיט אַלדאָס גוטס — אָמן!

*

## גאָט, גאָט, גיב אַ רעגן.

גאָט, גאָט, גיב אַ רעגן
פון די פרישע מענטשנס וועגן!
די, וואָס וואַקסן שטייפע, רויע,
אונטער דיינע הימלען בלויע,
אַז זיי זאָלן זיך צעבליהען
ווייס אין בלומען, ווי אין שנייען,
אַז זיי זאָלן זיך ניט קניען
אין די זאַפטיג-שטאַרקע ווייען...
אויסגעמישט מיט מאָך און באָדן,
זאָלן זיי ווי דעמבעס ווערן,
און אין רעגנס אויסגעבאָדן,
פון דער פעטער ערד זיך נערן.

גאָט, גאָט, גיבֿ אַ רעגן
פון די שטילע מענשנס וועגן!
אַז זיי זאָלן גרינג דערלעבֿן
רוה און ליכטיגקייט אין שווייגן,
און ווי פייגעלאַך אומשוועבֿן
העל אין זייער הייליג שטייגן...
שטילע, שעמעוודיגע, צאַרטע,
פונקט ווי גייענדיגע בלומען,
מייד זיי אויס פון בליקן האַרטע,
וואו זיי גייען און זיי קומען...
גאָט, גאָט, גיבֿ אַ רעגן!...

31. 1. 1920

## עס האָט אַ מענש...

עס האָט אַ מענש אין הארצן-אַש אַ וועלט געפונען: —
אייזבערג, היילן, נעכט און הייסע זונען.

שטומט דער מענש. און אויפגעדרייט די נעכט אין זיינע
היילן,
בלאָזט ער שווייגנדיג אויף טליהענדיגע קוילן...

און נעכט נאָך נעכט. דאַן בלאָנדזשען טעג מיט זונען
ווי העלוועפּס אויף אַ טונקל, הילכיג-פייכטן ברונען...

פאַרביי, ווי פרעמדס, די טעג פון פרייד פאַרגייען,
עס רוהט אין הייל דאָס אַפּשיין-ליכט פון ווייטע שנייען...

דאַן אויף די אייזבערג קריכט דער מענש, באַשיינט פון ליידן!
(ליידן-שפּראַך איז זעלע-רייד, כאָטש פינסטער קוועלט
איר ריידן)...

אליין דאָרט שטייט ער גרוי, וואו שטורעמס טויטע ליגן,
איז מיד פאַרגליווערט, נזיר-רוהיג און אַנטשוויגן.

*

זינגער תּכלתדיגע, שטילע הימלען...
ס׳רינט אַ לויטערקייט פון הויכע צויבערליכע צימבלען.
אַקאָרדן קלאַנגלאָזע פון גרינגען, קילן אויבן
פליסן העל, ריינצאַפלדיגע, ווי די טויבן,
טויבן אויף דער ערד...

ערד —
אַ נבלה, אַלט, און כאַאָס אויסגעקערט...

## דאַס לצל

אין געבלומטע פלודערן, אינם קאָנוס-מיצעלע
פייקל איך אין פייקעלע, כ׳קוליע זיך מיט האַסט.
ניט געלעסטערט! ניט געשפּאַסט!
זעהט, רבותים, זעהט און שטוינט,
ווי אַ לצל לאַכט און וויינט, —

כאַ, כאַ, כאַ,
כאַ, כאַ, כאַ,
איך — דאָס מאָגער פּיצעלע
טראָג אַ זלידנע לאַסט...

איך האָב פיל אַרויסגעלאַכט
און גאָר ווייניג אויסגעוויינט,
מוז איך איצט אין טיפער נאַכט
פלוידערן, וואָס ניט געמיינט...
טאַנצן, קוליען זיך אַזוי...
ווײַ, ווײַ, ווײַ,
ווײַ, ווײַ, ווײַ,
ווען ס'איז פון גאָט באַשערט
זײַן אַ לצל אויף דער ערד...
פּייקל, פּייקעלע, און שרײַ,
גרימפל, קלינג און צימבל צו!
ס'איז געווען אַ מענטשל פרײַ,
ווייס איך ווען און ווייס איך וואו,
האָט ער אויסגעקערט זײַן פעל
און געטאָן אויף זיך אַ שפײַ...

ער וואַלט אויסגעשפּיגט זיין זעל
סיי ווי סיי,
סיי ווי סיי,
פּייקל, פּייקעלע, און שריי!...

שאַט, רבותים, ס׳מאַכט ניט אויס:
ס׳גריזעט ווען אין הארץ א מויז, —
נאָר צו אַלדי שוואַרצע יאָר,
דאָס איז נאַרישקייטן בלויז...
איך בין לוסטיגליך ביז גאָר...
קוקט זיך איין!
קוקט זיך איין!
אָט שטעל איך זיך אויפן קאָפּ,
אָט קריך איך אין דר׳ערד אַריין,
אָט שלינג איך אַ שווערד אַראָפּ
און איך זינג אַרויס אין טאַנץ
גאָר דאָס פינסטערניש צו גאָט...
ס׳איז מיין קערפּערל צו שפּאָט,
כאָטש דאָס נפשל — נאָך גאַנץ
און עס ווייס ניט דאָס און יענץ

אין זיין שלאָף,
אין זיין שלאָף...
עד, פּאַסקודנע וועלט און מענש,
ס׳מוז דאָך נעמען ווען אַ סוף...

*

## הונגער...

כ׳גיי דורך ראָזע אָוונט-גאַסן,
ס׳וואַרפט די נאַכט שוין שוואַרצע פיילן,
כ׳האָב אַ טרייעם פריינט אַ בלאַסן —
הונגער פירט מיך... הייסט זיך איילן...
ס׳שווינדלען שילדן, הויז און גאַסן,
וויגט זיך, וויגט זיך, הימל-מיילן!...

הונגער, עד, דו דאַרע קליאַטשע,
לייגסט דיין קאָפּ אויף מיר אַנידער,
און אין שוואַרצער עקזאַלטאַציע
טאַנץ איך, שפּרינג איך, כ׳שריי אַ מידער;
פּאַציע! אַציע! מאַריאַנאַציע!
הונגער פייפט אין מיינע גלידער...

*

# כוואַליעס.

פון די אָנהייבן און סופן,
פון אומענדליכקייט געקומען,
אויף דער ערד-ראָד אָנגעטראָפן
און ווי כוואַליעס צוגעשוואומען...
אָפּגעזינדיגט ס׳ביסל יאָרן,
קריכן מיר אריין אין ארון,
און מיר שווימען שטום אוועק,
כוואליעס, צו אַן אַנדער ברעג.

מיר לעבן און מיר שטאַרבן,
ווי די טענער אין די פאַרבן.
פלוצלינג קלינגען-אָפּ די יאָרן.
נאָכדעם ווייזן מיר זיך ווידער,
יונגע, פרישע, ערשט געבאָרן,
און מיר זינגען נייע לידער.

דורך די צייטן, דורך די דורות
אויסגעקושט שוין אַלע תורות...

און געוואָרפֿן זיך אין טענץ
מיט אַ הפקרדיגן ניגון,
פֿלעכטנדיג די לאָרבער-קרענץ
רונד אַרום די גאָלדנע געטער,
ביז מיר בלייבן טויטע ליגן
אויף די שוואַרצע טהרה-ברעטער.

מיר לעבן און מיר שטאַרבן,
ווי די טענער און די פֿאַרבן.
פּלוצלינג קלינגען אָפּ די יאָרן.
נאָכדעם ווייזן מיר זיך ווידער,
יונגע, פֿרישע, ערשט געבאָרן,
און מיר זינגען נייע לידער.

פֿינסטער. די נשמות שטומען...
ס'טראָגט אונז אום אַ גרויער שטראָם...
און די תהומען אונטן ברומען...
שפּרינגען מיר פֿון תהום צו תהום,
וואו דער טייוול וויינט און וואָוטיגט,
פֿירנדיג די שוואַרצע בעלער...

פלאצט דאָס האַרץ! עס שרייט און בלוטיגט:
פינסטער, נאַס ווי אין אַ קעלער;
ס'איז אַ בלינדע וועלט אַנטקעגן,
וואו דאָס האַרץ זאָל אונז ניט פירן,
לויפן זיך צונויף די וועגן
צום בית-עולמס גרויע טירן.

מיר לעבן און מיר שטאַרבן,
ווי די טענער אין די פאַרבן.
פלוצלינג קלינגען אָפּ די יאָרן.
נאָכדעם ווייזן מיר זיך ווידער,
יונגע, פרישע, ערשט געבאָרן,
און מיר זינגען נייע לידער.

*

איצט איז נאָך מיין שטיבל באַהאַנגען מיט אייער
און ס'גיסט נאָך די שקיעה איר ווין אין די שויבן.
אָ, ראָזיגער עלנט! איך שטיי בא דעם פענסטער
און שיק אין די פעלדער פונאַנדער די טויבן...

עס וועלן דאָך זעגער דערפֿילן מיין שטיבל,
וואָס שטייט שוין פֿון לאַנג בײַ דער זייט פֿון די וועגן
און איינער א גרויער וועט זאָגן: אָט לאָמיר
זיין איינציגן בריקל צום לעבן אָפּזעגן...

דאַן וועל איך דאָך מוזן אַוועק אין די פֿעלדער,
וואו ס'ליגט אין די ברעגן אַ טייכל אַ קאַלטער,
און הערן, ווי וועלן צו וועלן דערציילן:
„אָט גייט ער, דער חרובער בחור, דער אַלטער"...

*

ג'יי איך מיר אַזוי אַרום, אַרום, אַרום
אַ יאָר, און צוויי, און דריי, און ס'קאָן זיין מער;
איך קום אַזוי זיך, ניט געבעטן, אומעטום, אומעטום,
און אומעטום איז וויסט און לער...

ס'איז וויסט און לער,
און אומעטיג,
און נודנע שווער,
בררר!...

*

(פאָלקסמאָטיוו).

מיר האָבן, ליבסטע, באַם שפּאַצירן
צוויי עמער ליידיגע באַגעגנט,
צוויי עמער ליידיגע באַגעגנט;
דו האָסט געזאָגט: ס׳וועט וואָס פּאַסירן...

אין שרעק בין איך, מיין טרייסט, געבליבן: —
אַ שוואַרצע קאַץ איז די גאַס איבער,
אַ שוואַרצע קאַץ איז די גאַס איבער,
ווען כ׳האָב דיר פינגערלאַך געקליבן.

פאַר וועמען זאָל איך איצט זיך קלאָגן?!
כ׳האָב ניט געקאָנט דיין שטוב געפינען,
כ׳האָב ניט געקאָנט דיין שטוב געפינען,
ווען כ׳האָב מתנות דיר געטראָגן.

מיט וועמען זאָל איך איצט פאַרבלייבן?!
כ׳האָב דיין לויה אָנגעטראָפן,
כ׳האָב דיין לויה אָנגעטראָפן,
ווען כ׳בין געגאַנגען תנאים שרייבן.

—

## אינהאַלט

### אוונט־בלוי:

ווער גייט אין סאָד אציגר . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . ז. 11
א לבנה־נאַכט . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . " 12
אפשר זינג איך . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . " 13
געזאַנגען אומקלאָרע . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . " "
דער נאַכט־געוועלב איז אויסגעגאָסן . . . . . . . . . . . . . . . . " 14
דאָס רעגנדל טריפט . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . " 15
מנחה . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . " 17
א שטיל געזאַנג אין אוונט־בלוי . . . . . . . . . . . . . . . . . . " 19
ס'לייכט ליכטיג־לינד דיין זעל . . . . . . . . . . . . . . . . . . . " "
זון־פאַרגאַנג . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . " 20

### שיכּורע פאַרטאָגן:

וועלט . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . ז. 25
ס'האָט אויפגעשווימט אין מיר . . . . . . . . . . . . . . . . . . . " 27
עס זויפט דאָס הארץ . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . " "
איך בין ארויס אין אדרר־פעלד . . . . . . . . . . . . . . . . . . . " 28
וואָס מיר שטארבן, ווען מיר שטארבן! . . . . . . . . . . . . . . . " 29
צווישן פעלדער . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . " 30
די חתונה . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . " 33
נאָט, נאָט, גיב א רעגן . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . " 38

## לאַבּירינטן:


עס האָט אַ מענש . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . ז. 43
זינגער תכלתדיגע, שטילע הימלען . . . . . . . . . . . . . . „ 44
דאָס לָצל . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . „ „
הונגער. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . „ 47
כוואַליעס . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . „ 48
איצט איז נאָך מײַן שטיבל באַהאַנגען . . . . . . . . . . . . „ 50
ניי איך מיר אַזוי אַרום . . . . . . . . . . . . . . . . . . „ 51
פאָלקסמאַטיוו . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . „ 52




## „כלל־ביכער"

1. פראָפעסער מערימע: קארמען און אנדערע דערציילונגען (פון פראנצויזיש)
2. אנאַטאָל פראַנס: דער פּראָקוראַטאָר פון יהודה און אנדערע דערציילונגען (פון פראנצויזיש)
3. גאָטפריד קעלער: זיבן מעשיות (פון דייטש)
4. יאָזעף אייכנדאָרף: זכרונות פון א שטיפער (פון דייטש)
5. אדאלבערט פאָן שאַמיסאָ: פעטער שלעמיל — דער מענטש אָהן א שאָטן
6. צבי הירשקאַן: פון דערוואייטנס (וואנדערער, וועגן, שטראָמען)

אין דער סעריע „כלל־ביכער" וועלן מיר געבן אויסשליסליך גרעסערע בעלעטריסטישע ווערק, אָריגינעלע און איבערזעצונגען, פון די בעסטע שרייבער.

*

## „כלל־ביבליאָטעק"

1. ח. נ. ביאַליק: צער און צאָרן
2-3. א. נ. גנעסין: מעשה אָטעלאָ און סאמואיל סאמואילאָוויטש
4. ה. ד. נאָמבערג: אין א פּוילישער ישיבה
5. צבי הירשקאָן: ניט הינטער א פּלויט
6. ערנסט מאַך: צוליב וואָס האָט א מענטש צוויי אויגן
7. מ. ווישניצער: יידישע צעכן אין פּוילן און ליטע
8-9. יו. וואגנער: מעשיות וועגן פייער און ליכטיגקייט
10. י. שטיינבערג: אין א פארוואָרפן ווינקל

11. ריקארדא הוך: דער יידישער קבר

12. י. אדורען: דער גר צדק פון שלעזיע

13-14. יו. וואגנער: מעשיות וועגן עויד

15-16. ג. פלאָבער: העראָדיאדע

17-18. מ. קולבאַק: לידער

19-20. בעל־דמיון: הומאניזם אין דער עלטערער יידישער ליטעראטור

21-22. ז. שניאור: פון דעם זיידנס קוואל (מענדעלי מוכר ספרימס ווערטלאך)

23-24. ז. שניאור: שלום־עליכמס אָנדיינקען

25-26. בעל־מחשבות: דרום־יידן און יידישע ליטעראטור (היסטאָריש־קריטישע שטודיע)

27-28. ר׳ נחמן בראצלאווער: ספורי מעשיות

29-30. 〃 〃 〃 〃

31-32. 〃 〃 〃 〃

33-34. י. שטיינבערג: באשטאנעם

35-36. יו. וואגנער: מעשיות וועגן לופט

37-38. וו. לאצקי־בערטאָלדי: גזרות דעניקין

39-40. מאָנטאַן: אונבאשטאנדיגקייט און טויט

41-42. בעל־מחשבות: גראָבין (מוסרניקעס)

43. קורט יועל: ברויט פון לופט

44-45. 〃 〃 גאָלד פון בליי

46. 〃 〃 וועלט־שטימע און וועלט־אויער

47-48. נתן האנאָווער: פון טיפן זומפּ — גזרת כמעלניצקי איבערגעזעצט פון העברעאיש (יון מצולה)

49-50. חסידישע מעשיות

51-52. א. ל. לעווינסקי: אין הונדערט פופציג יאָר ארום

ס׳ווערט צוגעגרייט א גאנצע רייה ביכלאך פון פילאָזאָפישע שריפטן: בודא, לאָאָטזע, עפּיקטעט, שפּינאָזא, פּאסקאל, שאָפּענהויער און בערגזאָן.